## באַמערקונג פון מחבר :

די צעטיילונג פון די לידער אין בוך וועט אפשר ארויס־רופן אַ דיסאָנאַנס. פון איין זייט לידער פון טרויער און פעסימיזם, און באַלד גאָר קינדער־לידער.

אָבער דער מחבר האָט ניט געוואָלט, אז זיינע קינדער־לידער פון די פריערדיקע יאָרן זאָלן גיין לאיבוד. האָט ער, דעריבער באַשלאָסן זיי צו געבן אַן אָרט צוגלייך מיט די אנדערע לידער.

דער זעלבער פּעסימיזם,
דער זעלבער חלום,
דער זעלבער קוהלת
מיט זיין הבל הבלים.



ה. ערליך

# ווען אַלץ אַרום

ווען אלץ אַרום
איז רואיק און שטיל,
שרייב איך מיר אַ ליד
מיט האַרץ און געפיל.

איך וויל אז מיין ליד
זאָל יעדער פאַרשטיין,
אויב עס פעלט אפילו
דער פּאָעטישער חן.

און אויב מיין ליד
מיט טרויער איז פול,
איך בין ניט געבאָרן
אויף אַ גאָלדענעם שטול

איך בעט מיינע לידער
זיי זאָלן ניט זאָרגן,
אויכעט פאַר זיי
וועט קומען דער מאָרגן.

# ווערטער ווערטער

פאַראַנען ווערטער
ווי בלומען צאַרטע,
פאַראַן אויך ווערטער
ווי שטיינער האַרטע.

אַנדערע ווערטער
שטייגן און שטייגן,
מאַנכע פאַרגייען
אין שטילן שווייגן.

ווערטער לויכטן
אָפט ווי שטראַלן,
אַנדערע ווידער
ווי טויטע פאַלן.

ווערטער, ווערטער,
פרייע, לויזע,
קאָנען שטורמען
ווי ווינטן בייזע.

# אַ טומל אין הימל

אַ טומל אין הימל,
עס האָבן מלאכים
דערוואַכט פון אַ דרימל.

זיי ווילן ניט זיין מער
אין הימל קיין שקלאַפן,
און דינען אַ גאָט
וואָס זיי האָבן באַשאַפן.

ז'יי זיינען שוין מיד
פון אייביקן גאַנג,
זינגען און זינגען
דעם זעלבן געזאַנג.

גענוג שוין געלעבט
אין הימלישן רייך,
זיי ווילן אויך לעבן
מיט מענטשן צוגלייך.

און עס האָט זיי אַ וואָלקן
אויף דער וועלט געבראַכט,
און באַלד דערזען
ווי עס טונקלט די נאַכט.

זיי האָבן דערזען
די מענטשלעכע ליידן,
וועלכע דער מענטש
קען ניט פֿאַרמיידן.

זיי האָבן דערזען
דייטלעך און קלאָר,
ווי דאָס לעבן פֿון מענטשן
הענגט אויף אַ האָר.

און אַן אומעט אַ גרויסע
איז זיי באַפֿאַלן,
עס האָט ניט געהאָלפֿן
קיין זון און קיין שטראַלן.

איצט לויפֿן זיי אום
ווי צעשראָקענע האָזן,
זיי האָבן די פֿליגלען
אין הימל געלאָזן...



# איך שפּיל זיך מיט שטראַלן

איך שפּיל זיך מיט שטראַלן
וואָס בליצן און פֿאַלן,
אזוי ווי עס שפּילט זיך
מיט ליאַלקעס אַ קינד.

איך נעם זיי אויף גיך
און איך דריק זיי צו זיך
און פֿיל ווי דער אומעט
לאַנגזאַם פֿאַרשווינדט.

איז געקומען אַ שטורעם
די שטראַלן צעטריבן,
בין איך מיט מיין אומעט
ווי פריער פֿאַרבליבן.

ליגן די שטראַלן
דערשלאָגן, געפֿאַלן
און ווילן פֿון לעבן
נאָך אַלץ ניט פֿאַרגיין.

זיי וויינען און בעטן
ביים שטורעם דעם שפּעטן,
נאָר קיינער הערט ניט
זייער שטילן געוויין.

# עס נעמט מיין מוזע

עס נעמט מיין מוזע
מיך ווארעם ארום,
זי בעט מיר איך זאָל ניט
בלייבן ווי שטום.

אויב איך קען ניט זינגען
קיין פריילעכע לידער,
באַזינג דיין טרויער
ווידער און ווידער.

כ׳נעם שרייבן דאָס ליד
און די פען בלייבט שטיין.
זי ווארט ביז דער טרויער
פון מיר וועט פאַרגיין.

און אזוי האָט מיין ליד
געמוזט אזוי בלייבן,
ניט געקענט האָט די פען
מיין טרויער פאַרטרייבן.

# פּאַראַנױִע דיכטער

פּאַראַנױִע דיכטער
װאָס אין הימל זײ שװעבן,
און װילן פֿאַרגעסן
די טראַגיק פֿון לעבן.

די טראַגיק פֿון לעבן
װאָס קײנמאָל פֿאַרגײט,
עס גײט מיטן מענטשן
ביזן טאָג פֿון זײַן טױט.

זײ זינגען פֿון ליבע,
זינגען פֿון פֿרײד,
װען דאָס לעבן פֿון מענטשן
פֿול איז מיט לײד.

און אפֿשר די דיכטער
(װי פֿרומע זײ גלױבן),
זוכן אין עפּעס
זיך אַלײן צו פֿאַרטױבן.

# איינס, צוויי

איינס, צוויי,
דריי, פיר,
הער איך קלאַפּן
אין מיין טיר.

לויף איך שנעל
און עפן די טיר,
און עס קומט אריין
מיין שאָטן צו מיר:

איך ווייס דו ביסט איינזאַם
איינער אליין,
בין איך דיר צו טרייסטן
געקומען צו גיין.

איך דאַנק מיין שאָטן
פאַר זיין קומען צו מיר,
און באַגלייט אים פריינדלעך
צוריק צו דער טיר.

ווען דו ביסט איינזאַם
אין עלנט פאַרגייסט,
קען אפילו אַ שאָטן
דיר ברענגען אַ טרייסט.



# אַ קורצע מעשה

אין הימל איז שטיל
מלאכים עס דרעמלען,
איך זע פון דערווייטן
ווי עס קומען אָן קעמלען.

קעמלען באַלאָדן
מיט אַלערליי זאַכן,
(איר מעגט פון מיר שפּאָטן
איר מעגט פון מיר לאַכן).

עס קומען מלאכים
ריינע און שיינע,
און ברענגען מיט זיך
מלאכימלעך קליינע.

די קליינע זיי עסן
פון ערדישע זאַכן,
מלאכים און קעמלען
קוקן און לאַכן.



מאַמעס מלאכים
ווער יינגער ווער עלטער,
צאַלן די קעמלען
מיט הימלישע געלטער.

די קעמלען זיי זיינען
פאַרבליבן אין הימל,
זיצן און קראַצן
דעם ערדישן שימל.

איך כאַפּ זיך אויף,
אַ טויב אַ ווייסע
אוועק איז געפלויגן
מיט די קורצע מעשה.

# מיין פּען איז שווין מיד

מיין פּען איז שווין מיד
זי זאָגט : ס׳איז גענוג
פון לידער צו שרייבן.
צו קלייבן און קלייבן.

די זעלביקע טעמעס
בלויז ווערטער נייע,
מיט וואָס זיך צו שפּילן
ווי קינדער פרייע.

אָט שרייב איך אַ ליד
פון ליבעס שיינע,
און טראַכט כ׳בין גרעסער
פון היינריך היינע.

און היינע אין קבר
ליגט און טראַכט,
לייענט מיין ליד,
לייענט און לאַכט.

# איך גיי און גיי

איך גיי און גיי
און אַלץ ניט דערגאַנגעז,
איך בין ווי אַ פויגל
אין אַ שטייגל געפאַנגעז.

איך פלי אַרום
אזוי ווי אַ בין,
און זוך נאָך אַלץ
פון לעבן דעם זין.

איך ווייס אז קיין ענטפער
קאָן קיינער ניט געבן,
אומזיסט איז מיין זוכן
די סודות פון לעבן.

דאָך זיצט אין מיר
אַן אומרו געפיל
און האַלט מיך אין טרייבן
גלאַט אָן אַ ציל.

# אַבסטראַקט

איך גיי אַליין
דער זון אַנטקעגן,
און טרעף אויפֿן וועג —
דעם טרוקענעם רעגן.

גייען מיר ביידע
געשלאָסן צוזאַמען
און זעען פֿון ווייטן
צעפֿלאַקערטע פֿלאַמען.

גייען און גייען
אַלץ ווייטער און ווייטער
און זע פֿון פֿייער
באַווייזט זיך אַ רייטער.

פּלוצלונג דער רייטער
לעבן אונדז בלייבט שטיין,
טוט אָן אויפֿן קאָפּ
פֿון פֿייער אַ קרוין.

גיט מיר אַ ריר
נעמט אָן מיינע הענט,
איך ברען און איך ברען
און ווער ניט פֿאַרברענט.

* * *

דער רעגן אַנטרונען,
די זעאונג צערונען.

# עס איז אַ פֿויגל

עס איז אַ פֿויגל
אַרויס פֿון אַ קוסט,
און האָט מיט דער זון
זיך האַרציק צעקושט.

האָט די זון גענומען
דעם פֿויגל אויף גיך
און האָט אים אין הימל
געבראַכט מיט זיך.

איז דער פֿויגל געזעסן
אין הימל אַליין,
ניט געוווּסט וווּ צו פֿליען,
ניט געוווּסט וווּ צו גיין.

איז דער פֿויגל געוואָרן
שוואַך און קליין,
פֿון זיצן אין הימל
איינזאַם אַליין.

האָט פֿויגל מיט זון
זיך ווידער צעקושט,
און צוריק איז געפֿלויגן
צום אָרעמען קוסט.

# דאָס לעבן איז פול

דאָס לעבן איז פול
מיט בערג און מיט טאָלן
ווו נעמט׳ן דעם מאָלער
די שיינקייט צו מאָלן.

דאָס לעבן איז פול
מיט פאַרבאָרגענע טרערן,
אזוי ווי דער הימל
מיט פאַרבאָרגענע שטערן.

ווו איז דער שכל
און ווו איז דער זין,
ווען דאָס לעבן הענגט
אויפן וועב פון אַ שפין.

עס שאַפט דער מענטש
זיין אייגענעם גלויבן
צו קענען אין לעבן
זיך אליין צו פאַרטויבן.



# ווען עס שיינט די זון

ווען עס שיינט די זון
און שטיל איז אין דרויסן
ווען עס רוט דער ים
און כוואַליעס ניט רוישן.

ווען בלאָ איז דער הימל
און שטראַלן זיך ציען,
און טויבן פון נעסטן
הייבן אָן פליען.

הייב איך דאַן אָן
פלוצלונג צו קלערן
פאַרוואָס און פאַר ווען
דאַרף פינצטער גאַר ווערן.

פאַרוואָס זאָל די זון
(ליג איך און טראַכט)
מוז זי פאַרגיין
ווען עס קומט אָן די נאַכט

צי קען ניט די זון
מיט אירע מאַכטיקע פלאַמען
פאַרברענען די נאַכט
מיטן חושך צוזאַמען.



# איך גיי אין גאַס

איך גיי אין גאַס
ס'איז קאַלט און נאַס,
דער הימל איז בלאַס
אזוי ווי אין כעס.

איך צייל די טריט
אַ טריט נאָך אַ טריט,
און איבער מיין קאָפּ
אַ פויגל עס פליט.

איך פרעג דעם פויגל
וואָס איז דיין האַסט,
קום בעסער צו מיר
אַ ווײַלע צו גאַסט.

מיין צימער איז קליין,
מיין צימער איז קיל,
אַלץ איז דאָרטן
רואיק און שטיל.



איך וועל דיר געבן
וואָס דו ווילסט אליין,
פון גאָלדענע פערל
ביז פאַרכישופטן שטיין.

ענטפערט דער פויגל
און גיט זיך אַ דריי,
אין נעסט כ׳האָב געלאָזן
פייגעלעך צוויי.

# שטייט אַ בוים

שטייט אַ בוים
אין פעלד אליין,
געווען איז גרויס —
געוואָרן קליין.

געווען איז פול
מיט גרינע בלעטער,
ער האָט ניט געטראַכט
וואָס קומען קען שפּעטער.

געלאַכט פון די גראָזן,
געלאַכט פון די האָזן,
געלאַכט פון די ווינטן
וואָס האָבן געבלאָזן.

און עס האָט דער בוים
געהאַלטן אין קלערן
ווי אזוי צו קענען
נאָך גרעסער צו ווערן.

איז געקומען אַ שטורעם
און צעבראָכן די צווייגן,
וואָס האָבן געזוכט
אין הימל צו שטייגן.



און דער בוים איז געבליבן
נאַקעט און קליין,
אָן צווייגן, אָן בלעטער —
געבליבן איז שטיין.

די גרינע בלעטער
וואָס זיינען פאַרבליבן,
זיי האָט דער שטורעם
אינגאַנצן צעטריבן.

* * *

מיר האָט זיך געחלומט
שוין גאָר אַמאָל,
ס'האָבן זון און לבנה
זיך געביטן די ראָל,

די זון האָט געשיינט
טיף אין דער נאַכט,
די לבנה בייטאָג
מיט שטערן באַוואַכט.

איך פרעג די לבנה
וואָס האָט עס געבראַכט,
דו זאָלסט לייכטן בייטאָג
און די זון אין דער נאַכט.

וואָס איז דער שכל
און וואָס איז דער ציל,
זיך בייטן די ראָלן
אזוי ווי אין אַ שפּיל.

עס ענטפערט לבנה
רואיק און שטיל :
אַלץ אינעם קאָסמאָס
איז אַן אייביקער שפּיל.

# פליען טויבן

פליען טויבן,
פליען טויבן
אָנגעטאָן
אין ווייסע הויבן
און זיי קלאַפּן
אין די שויבן.

אין די מיילער
שלום־בלעטער
און מען הייסט זיי
קומען שפּעטער.

קומען ווינטן
און זיי ברומען:
ס׳איז די צייט
נאָך ניט געקומען.

עס שטייט דער מענטש
ביים זעלבן בריק
ווי מיט טויזנט
יאָר צוריק.

פליען טויבן,
קעפּ געבויגן,
טרערן רינען
פון די אויגן.



טוען אויס
די ווייסע הויבן,
ניטאָ קיין מענטש,
ניטאָ קיין גלויבן.

אומזיסט דאָס זוכן,
אומזיסט זיך מעסטן,
און צוריק זיי פליען
צו די נעסטן.



# ס׳איז גרינגער צו ציילן

ס׳איז גרינגער צו ציילן
טעג וואָס פאַרגייען,
גרינגער און לייכטער
ווי יאָרן פאַרגייען.

טעג נאָך טעג
לאַנגזאַם זיך ציען,
יאָרן נאָך יאָרן
ווי פויגלען זיי פליען.

עס פרעגן ניט טעג
עס פרעגן ניט יאָרן,
צוליב וואָס, צוליב ווען
זיי ווערן געבאָרן.

און אפשר איז נאַריש
אינגאַנצן צו פרעגן,
דאָס לעבן איז פול
מיט פאַרבאָרגענע וועגן.

יאָרן זיי ווערן
געבאָרן פון טעג,
און גייען צוזאַמען
אין זעלביקן וועג.

# ווען טויזנטער זונען

ווען טויזנטער זונען
אויף מיר זאָלן שײַנען,
און טויזנט לבנות
מיר לאָזן אַ שפּור.

אײביק כ׳װעל פרעגן
די זעלביקע פראַגע:
וואָס פאַר אַ נוץ
האָט פון מיר די נאַטור.

עס האַלט די נאַטור
דעם מענטשן געבונדן,
און עס לעקט דער מענטש
די אײגענע װונדן.

# ווו נעמט מען דעם ווילן

ווו נעמט מען דעם ווילן צו גלויבן
אז פריי וועט ווערן די וועלט,
עס וועט דער מענטש האַלטן אין שאַפן
און לעבן ווי אים געפעלט.

ווו נעמט מען דעם ווילן צו גלויבן
עס וועלן קיין הערשער ניט זיין,
פאַרשווינדן עס וועלן באַגריפן
צו קלערן פון מיין און פון דיין.

ווו נעמט מען דעם ווילן צו גלויבן
אז ענדלעך וועט קומען דער טאָג,
ניט דאַרפן דעם מענטשנס באַגערן
צו וועגן ווי גאָלד אויפן וואָג.

ווו נעמט מען דעם ווילן צו גלויבן
אז ס'וועלן קומען די טעג,
און אַ וועלט גאָר אַ נייע
איז שוין לאַנג אויפן וועג.

# אחרית הימים

ווען דער נביא ישעיה
וואָלט אויפשטיין פון קבר
און זען וואָס עס האָט
מיט זיין נבואה געטראָפן

ער וואָלט מיט צער
פאַרמאַכט די אויגן
און בלינדערהייט
צום קבר אנטלאָפן.

דאָס אחרית הימים
וואָס ער האָט געלאָזן,
ליגט שוין אין קבר
באַוואַקסן מיט גראָזן.

דאָס אַלטע נבואה
פון טויזנטער יאָרן,
לאַנג, שוין לאַנג
אַ לעגענדע געוואָרן.



# אַלעגאָריע

איך גיי ארום
אין גאַס אליין
און זע אין וועג
עס ליגט אַ שטיין.

און ווי איך גיב
דעם שטיין אַ ריר,
איך הער אַ קול
וואָס רעדט צו מיר:

מענטש, דו מענטש
דאָ בלייב שטיין.
דאָ איז דיין גרענעץ,
קענסט ווייטער ניט גיין

ס'איז מיין פּנים געוואָרן
פול מיט צאָרן,
אין מויל די צונג
איז פאַרפראָרן געוואָרן.

עס האָבן שוין ווינטן
דעם שטיין פאַרטריבן,
אָבער דער גרענעץ
שוין אייביק פאַרבליבן.

# שיין איז צו זען

שיין איז צו זען
דעם באַרג פון דער ווייט, —
און וואַרטסטו אויף עפּעס,
לאַנג איז די צייט.

ס'ווערט יעדע מינוט
פאַרוואַנדלט אין שעהן.
ווערסט מיד צו קוקן
אויפן הימל דעם בלאָען.

און ווען די צייט
איז ענדלעך געקומען,
דערזעסט פאַר זיך
פאַרוויאַנעטע בלומען.

בענקסט און בענקסט
נאָך זיסע פאַרלאַנגען,
און זעסט ווי דיין האָפן
ווי שניי איז צעגאַנגען.

און אזוי ווייטער,
ווייטער און ווייטער,
ניטאָ מער קיין פערד,
ניטאָ מער קיין רייטער.

# איך זיץ אין צימער

איך זיץ אין צימער,
זיץ און קלער,
פּלוצעם עס פאַלט
פון מיין אויג אַ טרער.

איך וויש די טרער
שנעל אַראָפּ,
קומען טרערן
טראָפּ נאָך טראָפּ.

זיץ איך שוין ווידער,
זיץ און קלער:
ווו איז אָט „דער",
וואָס האָט דעם מענטשן
געבראַכט די טרער.

# וואָס טויג דיר דער נעכטן

וואָס טויג דיר דער נעכטן,
וואָס טויג דיר דער היינט,
צי עס ווייזן זיך וואָלקנס,
צי די זון וואָס שיינט.

ווען אַלץ ארום דיר
מיט שטעכיקע דראָטן,
און וווּ נאָר דו גייסט
באַגלייט דיר דער שאָטן.

דו ווערסט געפירט
פון אַ פאַרבאָרגענע האַנט,
און לאָזט דיר שטיין
ביי אַ בלינדע וואַנט.

עס קאָן דיר ניט העלפן
דיין ווילן דער פרייער,
ווי עס קאָן ניט אַ טרער
פאַרלעשן אַ פייער.

# עס טרעפט אַמאָל

עס טרעפט אַמאָל
כ׳נעם געבן אַ שמייכל,
אַ שמייכל אַ פרייען, אָן שרעק,
באַווייזט זיך פון ערגעץ אַ שאָטן
און טרייבט דעם שמייכל אַוועק.

ס׳טרעפט אַמאָל
כ׳נעם זינגען אַ ליד,
אַ ליד מיט פרייד און באַגער,
קומט פון ווייטן אַ טרויער
און טריפט אריין אַ טרער.



# ווו איז דער פויגל

ווו איז דער פויגל
וואָס האָט מיך געטראָגן
דורך פעלדער און וועלדער
צו אַ קלאָרן פרימאָרגן.

ווו איז דער פויגל
וואָס געזונגען האָט לידער,
פון ליכטיקע וועלטן
און מענטשן ווי ברידער.

ווו איז דער פויגל
מיט די זילבערנע פליגל,
ווי געשיינט האָט די זון
אזוי ווי אין אַ שפּיגל.

ניטאָ שוין דער פויגל,
די זון איז פאַרגאַנגען,
די קאַלטע פאַרטאָגן
מיט נעפּלען פאַרהאַנגען.

# אין כל חדש תחת השמש

זאָג מיר, אָ, פריינד
מיט וואָס איז דער נעכטן
אנדערש ווי היינט

דער זעלביקער הימל
ווייט און צעשפּרייט,
די זעלביקע זון
וואָס קומט און פאַרגייט.

די זעלביקע ווינטן
וואָס האַלטן אין בלאָזן,
די זעלביקע לאָנקעס
באַוואַקסן מיט גראָזן.

די זעלביקע ימען,
די זעלביקע וואַלן,
וואָס הויבן זיך אויף
און האַלטן אין פאַלן.

דער זעלביקער מענטש,
די זעלביקע זיטן,
וואָס האָט נאָך ביז איצט
זיין נאַטור ניט געביטן.



דער זעלביקער קין
אין מענטשן נאָך רוט,
און פון זיינע הענט
שפּריצן נאָך בלוט.

דאָס זעלביקע לעבן,
די זעלביקע צייט,
לעבן און טויט
אין אייביקן שטרייט.

טאָ זאָג מיר, אָ, פריינד,
מיט וואָס איז דער נעכטן
אַנדערש ווי היינט ?



# מיין ליד פון טרויער

מיין ליד פון טרויער
איז שווער צו פֿאַרדייען.
און פֿריילעכע לידער
קאָן איך ניט לייען.

בייטן זיך יאָרן,
בייטן זיך צייטן,
אָבער דער טרויער
ניט לאָזט זיך פֿאַרבייטן.

קיין זאַך אין לעבן
קאָן אייביק ניט שטיין,
נאָר דער טרויער אין מענטשן
וועט קיינמאָל פֿאַרגיין.

# קהלת אין דער נאַכט

איך בין ניט קיין דיכטער
פון זיסע געזאַנגען,
מיין ליד, צום באַדויער,
איז מיט טרויער באהאנגען.

ס׳איז קוהלת געקומען
טיף אין דער נאַכט,
און האָט אויף די פּלייצעס
דעם טרויער געבראַכט.

באַגלייט מיר דער טרויער
ווי איך נעם גיין,
און וועט מיך באַגלייטן
ביז איך וועל שוין פאַרגיין.

# זיצט אַ פֿויגל

זיצט אַ פֿויגל
אויף אַ צווייג פֿון אַ בוים
און טרויעריק זינגט אַ ליד.
זינגט און זינגט
סיי טאָג, סיי נאַכט
און ווערט פֿון זינגען ניט מיד.

זאָג מיר דו פֿויגל
וואָס איז דיין טרויער,
צי האַלטסטו ווענען אין זינען,
צי האָסטו אפֿשר אַ קינד פֿאַרלאָרן
און קענסט אים מער ניט געפֿינען.

צי טרויערסטו אפֿשר
נאָך אַ מאַמען אַ טרייע,
וואָס לאַנג שוין פֿאַרגאַנגען.
עס האָט זי די ערד
מיט אַ שלייער באַדעקט,
אומזיסט דיינע שטילע געזאַנגען.

זיצט אַ פֿויגל
אויף אַ בוים אליין,
דאָס טרויער־געזאַנג
ווער קען עס פֿאַרשטיין ?

# איך דאַרף ניט קיין פֿליגל

איך דאַרף ניט קיין פליגל
אין הימל צו פליען,
צו זען ווי די שטערן
לייכטן און גליען.

עס קען מיין פאַנטאַזיע
אַלץ דערגרייכן,
פון ערדישע פלאַכן
ביז הימלשע הויכן.

פלי איך און פלי
גיכער ווי גיך,
נאָר ברענגען אַ שטערן
איך קען ניט מיט זיך.

# און אפשר בין איך

און אפשר בין איך
צו סענטימענטאַל,
ווען איך זע ווי אַ פויגל
פון נעסט גיט אַ פאַל.

אַ פאַל אויף ד'ערד
ניטאָ מער קיין לעבן,
עס וועט שוין דער פויגל
קיינמאָל ניט שוועבן.

איך זע ווי מען האַקט
פון אַ בוים די צווייגן,
און בלייבן ליגן
אין אייביקן שווייגן.

און זע איך אַ קינד
באַגיסט זיך מיט טרערן,
מיין האַרץ גיט אַ ציטער
מיט אַן אומעט אַ שווערן.

און אפשר בין איך
צו סענטימענטאַל
צו זען ווי אויף ד'ערד
זיך וואַלגערט אַ שטראַל.

# דאָס ווייסע פּאַפּיר

עס ליגט לעבן מיר
אַ ווייסע פּאַפּיר,
קלאָר און דייטלעך
געשריבן צו מיר.

גענוג שוין צו זינגען
פוןביימער און בלעטער,
פון האָפענונגען זיסע
וואָס קומען ווען שפּעטער.

גענוג שוין צו זינגען
פון לבנה און שטערן,
זיי זיינען שוין מיד
די געזאַנגען צו הערן.

גענוג שוין צו זינגען
פון פייגלען וואָס פליען,
פון בלומען שיינע
וואָס האַלטן אין בליען.



נעם בעסער דעם מענטשן
און האַלט אים אין וועקן
ער זאָל פאַרן טויט
ניט דאַרפן זיך שרעקן.

שרייב איך אַ ליד
און האַלט אין איין מעקן,
איז פון ליד געבליבן
נאָר שוואַרצע פלעקן.

# עס איז מיין האַרץ

עס איז מיין האַרץ
צעטיילט אויף צוויי,
אַ העלפט פאַר פרייד
אַ העלפט פאַר וויי.

די העלפט פאַר וויי
איז פול מיט טרער,
די העלפט פאַר פרייד
איז פוסט און לער.

איך פרווו חלומות
זיסע זיך שפינען,
נעמען זיי פליען
ווי צעשראָקענע בינען.

בלייב איך שטיין
קאַלט און שטום,
ביז ס'קומט דער אומעט
און נעמט מיך ארום.

# עס הענגט אַ טרער

עס הענגט אין דער לופטן
אַ טרער וואָס ברומט.
עס ווייס ניט קיינער
פון וואַנעט עס קומט.

עס איז אַ טרער
ווי אַלע טרערן,
אַ טרער קען פאַלן
אויך פון אַ שטערן.

און אפשר די טרער
פון אַ מיידלס נשמה,
וואָס זוכט איר געליבטן
צו נעמען נקמה.

און אפשר די טרער
פון אַ דיכטערס געזאַנגען,
וואָס שטיל האָט געלעבט
און שטיל איז פאַרגאַנגען.

אוּן אפשר די טרער
וואָס קומט פוּן אַ שטיין,
וואָס ליגט אויף אַ באַרג
איינער אליין.

עס הענגט אין דער לופטן
אַ טרער וואָס ברוּמט
אוּן עס ווייסט ניט קיינער
פוּן וואַנעט עס קומט.



# איך שטיי אין גאָרטן

איך שטיי אין גאָרטן
און קוק אויף די בלומען
מאַנכע פאַרגייען,
פרישע עס קומען.

איך שטיי און קוק
און ווער ניט זאַט,
עס האָט יעדעס בלום
איר אַראָמאַט.

אַ ווינטל אַ מילדער
שאָקלט די בלומען,
עס טראָגט זיך אַ ריח
פון זיסע פאַרפיומען.

איך שטיי און טראַכט
(אזוי ווי פאַרלאָרן)
וואָס האָט זיי געבראַכט
צו ווערן געבאָרן.

ווען דאָס לעבן פון בלום
אויף רגעס עס הענגט
בליט אין פרימאָרגן,
אין אָוונט פאַרגייט.

# דער טאָג איז פֿאַרגאַנגען

דער טאָג איז פֿאַרגאַנגען
די נאַכט איז געקומען,
עס רוען די ביימער,
עס רוען די בלומען.

עס ליגן די שאָטנס
ערגעץ פֿאַרבאָרגן,
ליגן און וואַרטן
אויף אַ נייעם פֿרימאָרגן.

טונקל די ביימער,
טונקל די בלומען,
עס האָט די לבנה
פֿאַרגעסן צו קומען.

אויך מיט די שטערן
האָט עפּעס געטראָפֿן,
זיי זיצן אין הימל
אַזוי ווי פֿאַרשלאָפֿן.

שטיל איז די גאַס,
קיין טומל, קיין קלאַנגען,
פֿון ווייטן זיך הערן
טרויער־געזאַנגען.



# גע͏לע בלעטער

גע͏לע בלעטער פון די ביימער
פאַלן ביסלעכווייז אַראָפּ,
בלייבן שטיין די ביימער נאַקעט
אָן אַ צודעק אויפן קאָפּ.

קומען ווינטן זיך צונויף (צוזאַמען)
ערגעץ פון אַן אַנדער וועלט,
שאָקלען זיך די פוסטע צווייגן
און זיי טרייסלען זיך פון קעלט.

נעמט דער זומער זיך באַווייזן,
ברענגט מיט זיך אַ וואַרעם וועטער,
נעמען וואַקסן אויף די ביימער
פון דאָסניי גרינע בלעטער.

קומט דער ווינטער ווידער אָן,
בלייבט דער זומער באַלד פאַרלאָרן,
בלייבן ביימער ווידער שטיין
פונקט ווי קינדער ערשט געבאָרן.

זומער, ווינטער,
ווינטער, זומער,
און אין האַרץ
דער זעלבער קומער.

# איז וואָס?

און אז דו האָסט שוין דערגרייכט
לבנה און שטערן,
געצוווּנגען די זון
צוריק זיך צו קערן,
איז וואָס?

און אז דו האָסט שוין פאַרכאַפּט
די שטילע פאַרנאַכטן,
וואָס לאַנגזאַם זיי גייען
און האַלטן אין טראַכטן,
איז וואָס?

און אז דו האָסט שוין געקענט
דעם שטורעם פאַרהאַלטן,
כאַפּן די בליצן
און ערגעץ באַהאַלטן,
איז וואָס?

איז צו וואָס
דער גאַנצער געיעג,
ווו איז דער אָנהויב
און ווו איז דער ברעג.

# קומען רגעס

קומען רגעס
און זיי גייען,
גייען און גייען
אין לאַנגע רייען.

פון די רגעס
ווערן שעהן,
פון די שעהן
ווערן טעג,
פון די טעג
ווערן יאָרן,
און רגעס נייע
ווערן געבאָרן.

פאַרגייען די טעג,
פאַרגייען די יאָרן,
פאַרגייען די רגעס
און ווערן פאַרלאָרן.



# די גאָלדענע יוגנט

די גאָלדענע יוגנט
בלייבט קיינמאָל ניט שטיין,
פונקט ווי די רגעס
זיי האַלטן אין גיין.

די גאָלדענע יוגנט
קיינמאָל ניט טראַכט,
פון טאָג וואָס פאַרגייט
און ס׳קומט אָן די נאַכט.

פלוצלונג באַווייזט זיך
דער ביטערער עלטער,
ווען אפילו די זון
ווערט צו דיר קעלטער.

די אַלע באַגערן
פון די יונגע יאָרן,
ווערן ווי שטויב
פון ווינטן פאַרלאָרן.

# איך זוך און איך זוך

איך זוך און איך זוך
זיך אליין צו געפינען,
צו קענען חלומות
גאָלדענע שפּינען.

איך זוך צו דערגיין
די סודות פון לעבן,
פאַרוואָס קען דער מענטש
ווי אַ פויגל ניט שוועבן.

איך זוך צו געפינען
קינדערשע טרערן,
ווי בלומען פאַרגייען
און גאָרניט זיי ווערן.

איך זוך און איך זוך
אין פרייד און אין צער,
און בלייב צולעצט
דער זעלביקער נאַר.

# נאָך מיליאָנען בית־עולמס

נאָך מיליאָנען בית־עולמס
מיט לעבנס פאַרזייט,
קומען לעבנס נייע
אַ קייט נאָך אַ קייט.

שטיי איך און קלער
(אין האַרצן עס קלעמט)
איך פרעג זיך אליין
אזוי ווי פאַרשעמט:

ווער האָט די נאַטור
די כוחות געגעבן
צו קענען באַשאַפן
אַ לעבן נאָך לעבן.

אויב גערעכט איז שפּינאָזע —
נאַטור איז גאָט,
דאַן איז נאַטור
אויך אַ דעספּאָט.

צי איז די נאַטור
נאַריש צי קלוג,
ליידן דעם מענטשן
גיט עס גענוג.

פעלן מיר ווערטער
די נאַטור צו באַזינגען,
ווי עס פעלט דעם קלינגער
גלעקער צו קלינגען.

# איך ווייס דורך מיין טויט

(איראָניע)

איך ווייס דורך מיין טויט
וועט גאָרניט געשען.
אַלץ וועט בלייבן
אזוי ווי געווען.

עס וועט די ערד
זיך האַלטן אין דרייען,
דער האָן אויפן דאַך
וועט האַלטן אין קרייען.

די זון צוליב מיר
וועט ניט פאַרגיין,
אויך די לבנה
וועט בלייבן ניט שטיין.

און איך דער העלד,
דער בחיר היצורים,
וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן
פאַרהאַלטן דעם שטורעם

וועל ליגן אין קבר
רואיק און שטיל,
און האַלטן אין טראַכטן
פון נאַרישן שפּיל.

# מיין אַלטער פּעסימיזם

מיין אַלטער פּעסימיזם
איז נאָך אַלץ אויפן וועג,
נאָך האָט ניט דערגרייכט
דעם גאָר לעצטן ברעג.

איך קוק אויפן מענטשן
מיט האַרץ און געפיל,
און זע אין אים
דעם טראַגישן שפּיל.

דער זעלבער פּעסימיזם,
דער זעלבער חלום,
דער זעלבער קוהלת
מיט זיין הבל הבלים.

# עלטער

יונגע דיכטער
מיט יונגע געזאַנגען,
אַלטע דיכטער
מיט טרויער קלאַנגען.

יונגע דיכטער
זינגען פון ליבע,
אַלטע דיכטער
מיט לידער טריבע.

יונגע פויגלען
אויף צווייגן זיך וויגן,
אַלטע פויגלען
אין נעסטן ליגן.

באַזינג איך די עלטער
מיט אַ טרויער שטילן.
אין האַרצן זיך טראָגן
שווערע געפילן.



# דער טאָג איז געקומען

דער טאָג איז געקומען
אין אַ וועטער אַ קאַלטן,
ס׳איז די זון נאָך געלעגן
אין הימל באַהאַלטן.

דער טאָג איז געוואָרן
טונקל און גראָ,
געטריבן פון ווינטן
שעה נאָך שעה.

איך זיץ אין דער טונקל
קאַלט און מיד,
און ס׳העלפּט דער אומעט
צו שרייבן דאָס ליד.

עס קען שוין דאָס ליד
קיין הערצער דערפרייען,
ווי עס קען ניט דער גערטנער
אָן קערנער פאַרזייען.

# מענטש און זייגער

איינס, צוויי,
איינס, צוויי,
קלאַפּט דער זייגער
גלאַט אַזוי.

קלאַפּט און קלאַפּט
אָן אַ ציל,
קלאַפּט און ווייס ניט
וואָס עס וויל.

ווייזערס גייען
לאַנגזאַם שטיל,
ווי זיי וואָלטן געהאַט
אין זיך אַ געפיל.

דאָס האַרץ פון זייגער
איז פון שטאָל,
טרעפט עס שטעלט זיך
אָפּ אַמאָל.



דאָס האַרץ פון מענטשן
האַלט אין גיין,
גייט און פלוצלונג
בלייבט עס שטיין.

מענטש און זייגער
ארויף און אַראָפּ,
גייען און גייען
און שטעלן זיך אָפּ.



# וואָס ווערן פון שטערן

וואָס ווערן פון שטערן
ווען עס קומט זייער סוף,
צי בלייבן זיי רוען
אין אייביקן שלאָף.

וואָס ווערן פון שטערן
ווען אַלט שוין און גראָ
און הערן ווי עס קלינגט
זייער לעצטע שעה.

וואָס ווערן פון שטערן
ווען פון לעבן שוין מיד,
אזוי ווי דער שרייבער
פון דעם דאָזיקן ליד.



# ווי אַלט איך בין?

ווי אַלט איך בין?
איך ווייס ניט אַליין,
איך צייל ניט די יאָרן
וואָס האַלטן אין גיין.

זיי דערציילן ניט קיינעם
ווו זיי פאַרגייען,
ווי ס'דערציילן ניט ווינטן
פאַרוואָס זיי ווייען.

ניט העראַדאָטיס*)
און ניט ברוך שפינאָזע
האָבן פאַרשעמט די נאַטור
פאַר האָבן די העזה.

ניט צו מעסטן
און ניט צו וועגן,
באַשאַפן אַ מענטשן
אים אליין ניט צו פרעגן.

---

*) אַ גריכישער פילאָסאָף.

# מיין ווידוי

איך בין ניט קיין פושקין,
און כ׳בין ניט קיין היינע,
מיינע לידער זיינען
קורצע און קליינע.

איך שרייב מיינע לידער
אזוי ווי איך וויל,
מיט ווייניקער שכל
און מער מיט געפיל.

און אויב די קונסט
איז אַן אָפענע טיר,
כ׳לאָז איבער פאַר דיכטער
גרעסער פון מיר.

# איך בעט דעם לעזער

איך בעט דעם לעזער
זיי מיר מוחל
אויב איך האָב פאַרשוועכט
דעם פּאָעטישן היכל.

איך האָב ניט געשריבן
פּאָעטישע פּראָזן,
ניט געשפּייזט דעם לעזער
מיט שיינע אימאַזשן.

ווערטער פּראָסטע
גענומען פון לעבן,
און די דאָזיקע ווערטער
דעם לעזער געגעבן.

יוגנט לידער
וואָס איך האָב געשריבן,
האָט די עלטער גענומען
און לאַנגזאַם צעטריבן.



# איך וויל מער ניט זינגען

איך וויל מער ניט זינגען
פון דאָס וואָס אַוועק,
אַוועק איז אַוועק,
אַ סוף און אַנ׳עק.

קומט פּלוצלונג אַ רגע
און קלאַפּט אין מיין טיר,
בעט זיך און בעט זיך :
פאַרגעס ניט אָן מיר.

איך בין די רגע
וואָס האָט דיך געהיט,
צוזאַמען געגאַנגען
אַ טריט נאָך אַ טריט.

איך ענטפער די רגע :
אומזיסט איז דיין גאַנג,
איך האָב שוין פאַרענדיקט
מיין שוואַנען־געזאַנג.

# עס זינגט אין מיר

מיינע ליבע אוראייניקלעך אַ מתנה.

עס זינגט אין מיר
מיין מאַמעס אַ ליד,
אַ ליד פון ווייטן אַמאָל.

איך זע איר אין חלום
זי נעמט מיך אַרום,
איך הער איר צאַרטן קול :

אַי־לו־לו־לו,
לו־לו,
מאַך די קליינע
אויגעלעך צו.

אַי־לו־לו־לו,
לו־לו,
שלאָף מיין קינד
אין שטילער רו.

און ס׳ציט זיך דאָס ליד
אזוי אָן אַ סוף,
ביז ס׳פאַלט די מאַמע
אריין אין אַ שלאָף.

# אָ, דער זומער

אָ, דער זומער,
ליבער זומער
איז שוין ווידער דאָ,
מיינע בלימעלעך אינעם גאָרטן
שוין נעמען ווערן בלאָ.

די פייגעלעך אין דרויסן
נאָענט ביי מיין טיר,
זינגען אין פרימאָרגן
טשיר, טשיר, טשיר.

כ׳הער ווי בינען זשומען
זשום, זשום, זשום,
ווי זיי וואָלטן מיך גערופן
קום, קום, קום.

אין מיין צימער זונען־שטראַלן
קומען אָן אַ שיער,
קושן מיך און האַלדזן
און שפּילן זיך מיט מיר.

אָ, דו זומער, ליבער זומער
ניט אַנטלויף פון מיר,
מיך שרעקט דער בייזער ווינטער —
נעם מיך מיט מיט דיר.

# פון שול געקומען

פון שול געקומען חנהלע,
ווי אַ טייבעלע צושוועבן,
אַ בוך מיט שיינע מעשהלעך
האָט דער לערער זי געגעבן.

לייענט זי די מעשהלעך
בייטאָג און ביי דער נאַכט,
און די מאַמע הערט זיך צו
און זי לאַכט און לאַכט.

און חנהלען עס חלומט זיך
די מעשהלעך פון בוך,
ווי עס קומט אַ קעצעלע
צו איר אויף אַ באַזוך.

און עס פליט אַ טייבעלע
אריין צו איר אין בעט,
זי נעמט ארום איר קעפעלע
און זי גלעט און גלעט.

און דער חלום וואָלט געקענט
זיך ציִען אָן אַ סוף,
קומט צו פליִען גאָר אַ האָן
און וועקט זי אויף פון שלאָף.

חנהלע זי כאַפּט זיך אויף
און ס'איז פאַר מיר ניט קלאָר
צי איז דאָס אַ חלום נאָר,
צי איז עס אויפן וואָר.

# אַ מתנהלע

עס האָט דער זיידע חנהלען
אַ מתנהלע געבראַכט,
אַ שיינעם קליינעם וועגעלע
מיט אַ ליאַלקעלע וואָס לאַכט.

פירט די קליינע חנהלע
די ליאַלקעלע אין גאַס,
דעקט איר צו דאָס קעפּעלע
עס זאָל ניט ווערן נאַס.

און ווען זי קומט אהיים צוריק
פון איר לאַנג שפּאַציר,
טוליעט זי די ליאַלקעלע
ווי ס'טוט די מאַמע איר.

זי קעמט די גאָלדן הערעלעך
מיט אַ קעמעלע אַ קליין,
זי וואַשט דאָס קליינע קעפּעלע
פול מיט קינדיש חן.

ווען חנהלע דאַרף שלאָפן גיין
די ליאַלקעלע גייט מיט,
אָן די ליאַלקע חנהלע
ניט שטעלן ווער אַ טריט.



# האָב איך ליב צו גיין אין רעגן

האָב איך ליב צו גיין אין רעגן —
ווען עס רעגנט נאָר.
אין אַ רעגן, זאָגט די מאַמע,
וואַקסן לאַנג די האָר.

ווען די לאַנגע האָר זיי וועלן
וואַקסן אויף מיין קאָפּ —
וועל איך שפּעטער אויכעט האָבן
גאָר אַ לאַנגן צאָפּ.

און עס וועלן אַלע פרעגן,
זיך וווּנדערן ביז גאָר,
ווו איך האָב עס אַלץ גענומען,
אָט די לאַנגע האָר.

און איך וועל בסוד דערציילן :
איין מאָל ביי דער נאַכט,
האָט אַ רעגן זיך באַוויזן
און מיר אַ צאָפּ געבראַכט.

# אין קינאָ

אין קינאָ זיצט זיך חנהלע
און קוקט אויף דעם עקראַן,
ווי עס שפּילן קעצעלעך
אויף אַ באַראַבאַן.

און ווי עס קומען הינטעלעך
און העזעלעך צוגיין —
עפּענען די מײַלכעלעך
און זינגען אַזוי שיין.

און אָט — אַ קליינע מײַזעלע,
אַ ווײַסינקע ווי שניי,
טאַנצט אויף אַלע פּיסעלעך,
און פּלוצלונג — גיט אַ קריי.

און חנהלע זי זיצט אַזוי
און זי לאַכט און לאַכט,
און זיצן וואָלט זי דאָ אַזוי
געקענט די גאַנצע נאַכט.

פלוצלונג פינצטער ווערט אין זאַל,
פאַרשוווּנדן דער עקראַן —
ניטאָ שוין מער קיין קעצעלעך,
ניטאָ קיין באַראַבאַן.

פון קינאָ גייט שוין חנהלע,
זי טראַכט וואָס איז געשען,
נעמט בענקען נאָך די בילדעלעך
וואָס זי האָט ערשט געזען.



# זיבן טעכטער

האָבן האָב איך
זיבן טעכטער.
ניין, עס איז ניט
קיין געלעכטער
פֿאַר אַ טאַטן
זיבן טעכטער.

די ערשטע טאָכטער
זוכט אַ חתן,
און נדן —
ניטאָ קיין גראָשן.

די צווייטע טאָכטער
מיט די לאָקן,
דאַרף איך האָבן
שיך און זאָקן.

און די דריטע,
פֿיין און איידל,
האָבן דאַרף
אַ נייע קליידל.

און די פֿירטע,
די האָרבאַטע,
האַלט אין בעטן :
העלף מיר, טאַטע.

און די פינפטע,
דאַר און קליין,
גייט נעבעך אום
איינע אליין.

און די זעקסטע
טאָכטער מיינע
האָט צום טאַטן
אַלץ אַ טענה.

און די לעצטע,
שוואַרץ ווי קויל,
גייט אום נעבעך
נאַקעט הויל.

ניין, עס איז ניט
קיין געלעכטער,
פאַר אַ טאַטן
זיבן טעכטער.

# דער זיידע רעב משה

דער זיידע רעב משה
אַ ייד אַ חלוש,
(אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל האָבן)
צען מאָל אין טאָג
געהאַלטן אין שטאַרבן
און איבערגעלעבט
האָט די באָבען.

דער זיידע רעב משה
אַ ייד אַ פּראָסטאָק
געקענט אויף די פינגער קוים ציילן,
דאָך האָט ער געקענט
מיט אַ הונגעריקן מענטשן
דעם לעצטן ביסן זיך טיילן.

אַ ניי־מאַשין האָט ער
אויפן רוקן געטראָגן.
ניט געוווּסט פון קיין פערד,
ניט געוווּסט פון קיין וואָגן.

געגאַנגען, געקלאַפּט
אין פויערשע כאַטעס,
און געזוכט נאָר צו לייגן
לאַטעס אויף לאַטעס.

געקומען אַהיים
מיט געשוואָלענע אויגן,
געהוסט און געכראָפּעט,
מיט בלוט האָט געשפּייגן.

די באָבעשע שרה
(אין קבר זאָל רוען)
געווען אַ בריה אַ בראַנד,
געהאַנדלט, געוואַנדלט,
געלאָפן, געשמייעט,
אין אַלץ איז געווען איר האַנט,

געהיט האָט די באָבע
דעם אַלטן זיידן,
אזוי ווי מען היט
אַ גאָלדענע קרוין.

שטענדיק געציטערט
זיי זאָלן זיך ניט שיידן
און איבערלאָזן
איר איינע אליין.

ווי אויף להכעיס
דער טויט איז געקומען,
געלאָזן דעם זיידן
און די באָבען פאַרנומען.

גייט דער זיידע
ארום ווי אָן זינען,
זוכט די באָבען
און קען ניט געפינען.

דער טויט האָט גענומען
רחמנות צו האָבן
און געבראַכט דעם זיידן
צוריק צו דער באָבען.

# מיין מאַמע די עגונה

איינגערעדט האָט זיך דער פעטער
אז ער איז אַ פילאָסאָף.
און די מומע האָט געטענהט,
אז דער פעטער רעדט פון שלאָף.

שטענדיק האָט געקייט די ליולקע,
ניט פאַרלאָזן פאַר אַ ווייל,
און דער ריח פון דעם טאַבאַק
האָט געהערט זיך פאַר אַ מייל.

ארומגעגאַנגען איז ער לאַנגזאַם
און געקוקט אַלץ אין דער הויך,
און געהאַלטן אין איין קלערן
ווו עס קומט אַהין דער רויך.

און פאַרוואָס ס'איז זומער וואַרעם
און פאַרוואָס ס'איז ווינטער קאַלט,
און פאַרוואָס עס ווערן מענטשן
פאַר דער צייט אויך גראָ און אַלט.

און אזוי אַרומגעגאַנגען
איז דער פעטער אַלץ פאַרטראַכט,
ניט געגעסן, ניט געטרונקען,
ניט געשלאָפן האָט ביינאַכט.



האָט די מומע זיך געבעטן :
האָסטו, פינע, זיך פאַרגעסן,
אז דו האָסט אַ ווייב מיט קינדער
און דו דארפסט זיי געבן עסן ?

הער שוין, פינע, אויף צו טראַכטן
און צו האַלטן אין איין קלערן
וואָס עס טוט זיך אויפן הימל
און צו ציילן דאָרט די שטערן.

אַנגעקוקט האָט ער די מומען
מיט אַ פנים פול מיט צאָרן,
שנעל פאַררויכערט האָט די ליולקע
און ווי אַ שאָטן ניט געוואָרן.

לאַנג געוואַרט אויפן פעטער
האָט די גוטע מומע בונע,
און אזוי איז זי פאַרבליבן
שוין אַן אייביקע עגונה.

# שטעטל, מיין שטעטל

מיין יחוס, מיין יחוס
איז ניט קיין באַוווסטער,
מיין טאַטע געוועזן
איז אַן אָרעמער שוסטער.

שטענדיק געהאַלטן
אין האַנט האָט די זיילן,
געקלאַפּט מיטן האַמער
די הילצערנע שפּיילן.

אייביק געאַרבעט
שווער און ביטער,
דאָך איז דער טאָפּ
געוועזן אַלץ שיטער.

פרום איז געוועזן,
די פרומקייט אליין,
ניט אָנגערירט שבת
אפילו קיין שטיין.

שטעטל, מיין שטעטל,
ביסט ווייט פון מיר,
אָבער פאַרגעסן
איך קען ניט אָן דיר.

איך נעם זיך דערמאָנען
דעם גרויסן אונטערשייד,
פעלן מיר ווערטער,
פעלן מיר רייד.

דער גרויסער צעטייל
פון אָרעם און רייך,
מענטש און מענטש
געווען ניט גלייך.

אַ שוסטער, אַ שניידער,
אַ בלעכער, אַ שמיד,
מ׳האָט אים באַטראַכט
ווי אַן אַנדער סאָרט ייד.

אַ שידוך — אַ יחוס
מיט מזל און ברכה,
אַ שוסטער, אַ שניידער —
אַ פלעק אין משפחה.

אַ גביר איז געשטאָרבן,
געקלאָגט האָט די שטעטל,
אַן אָרעמאַן איז פאַרגאַנגען
שטיל אין זיין בעטל.

דאָס יחוס אין שטעטל
ווי אַ וואָרעם געפּרעסן,
ס'איז לייכט צו געדענקען
און שווער צו פֿאַרגעסן.

דער גביר פֿונעם שטעטל —
אַן אויסזען אַ פּראַכט,
מ'פֿירט אים אין שול
שמיני עצרת ביינאַכט.

זיין פּנים עס לייכט
מיט כבוד איז פֿול,
אים פֿעלט נאָר אַ טראָן
מיט אַ גאָלדענעם שטול.

עס באַגלייטן אים יידן
מיט ליכט אין די הענט,
מ'שרייט און מען זינגט
אַז ס'ציטערן ווענט.

יידן אין שמאַטעס
שיכורלעך האַלב,
מ'טאַנצט ווי אין מידבר
אַרום גאָלדענעם קאַלב.



שטעטל, מײַן שטעטל,
ווייט ביסט פֿון מיר,
פֿאַרגעסן אין גאַנצן
איך קען ניט אָן דיר.

זאָל בלײַבן מײַן ליד
אַן אײביקער מוסטער,
אַ זכר מײַן טאַטן
דעם אָרעמען שוסטער.

# אינהאַלט

## קינדער־לידער



## פון אַלטן קוואַל

פון זעלבן מחבר:

אָט אזוי — הומאָרעסקעס — 1950.

דאַנקערע — זכרונות — 1956.

חאַקסן, חאַקסן בלימעלעך — קינדער־לידער — 1964.

אין שפּיגל פון אומרו — לידער — 1976.